ס. ריינהיימער.

# דער הארבסט־ווינט

# אויף דער רייזע

איבערזעצט פון דייטש

פון מנוחה ראבינאוויטש.

צווייטע אויפלאגע.

פארלאג „קולטור־ליגע" ביאליסטאק.

1921.

№ 9.

ס. ריַינהײַמער.

# דער הארבסט־ווינט

# אויף דער רייזע

איבערזעצט פון דייטש

פון מנוחה ראַבינאָוויטש.

צווייטע אויפלאגע.

פאַרלאַג „קולטור־ליגע“ ביאַליסטאָק.

1921.

№ 9.

דרוקעריי מישאנדזניק, ליפאווע 25.




— № 9 —

# WIATR JESIENNY
# oo W PODRÓŻY oo

oooo S. Reinhejmer

z niemieckiego

M. Rabinowicz oooo

Wydawnictwo
„Kulturalno-Oświatowe"
w Białymstoku.

Drukarnia Miszondznika Białystok
Lipowa № 25.

## דער הארבסטווינט אויף דער רייזע.

אין דרויסן איז געווען א שיינער הארבסט-וועטער. דער הימל איז געווען בלוי, די זון האט געשיינט, אין די גערטנער האבן געבליט רויטע ליליען און ווייסע אסטרעס.

אין אזא וועטער איז גוט א גאנצן טאג ארום-שפאצירן.

— ווייסט איר, קינדער, וועמען דאס איז איינ-געפאלן ? — דעם ווינט, דעם הארבסטווינט.

— הו-הו—האט ער געמאכט;—איז דאס היינט א וועטער, נאר ארומצוּוואנדערן, איך וועל זיך א לאז טאן אין וועג אריין! וועט דאס זיין א פרייליכער שפאציר! הו-הו!

מאכט ניט דער ווינט קיין גרויסע הכנות און לאזט זיך אין וועג אריין.

— הו-הו! — האט זיך דערהערט זיין הוזשען איבער דער גאס.—הו-הו! איך לאז זיך אויף דער רייזע! ווער פארט מיט מיט מיר? — האט דער ווינט הויך אויסגערופן.

האט מען זיך א לאז געטאן מיט א מאל פון

ארבע פינות עולם: פאַרטריקנטע בלעטער, שפענער, לײדיקע פאַפּירענע זעקלעך; אפילו אַ פּאָר היט זײַנען אַראָפּגעפלויגן פון די קעפּ פון די דורכ־גײער און האָבן אויך געוואָלט צושטײן צו דער פרײלעכער חברה.

דער ווינט איז געווען העכסט צופרידן.

— אָט דאָס איז גוט—האָט ער געזאָגט; — אַ מחיה, ווי עס פּאָרט זיך! — און ער האָט אַ יאָג געטאָן די היט איבער דער גאַנצער גאַס.

אויף דרויסן איז געוואָרן פרײלעך. אַלעמען האָט אָנגענומען אַ חשק זיך יאָגן צוזאַמען מיט ווינט.

דאָ האָט זיך די גאַרדין אַרויסגעכאַפּט פון פענסטער ארויס, דאָרט האָט דער לאָדן אָנגעהויבן צו טאַנצן אויף זײַנע האַטשיקעס. אָבער ביידע, סײַ דער גאַרדין און סײַ דער לאָדן האָבן, נעבעך, ניט געקענט מיטפאָרן.

זעט נאָר! דעם בלומענטאָפּ פון פענסטער האָט זיך אויך פאַרוואָלט אין וועג אַריין: ער האָט אָנגעהויבן זיך שאָקלען אהין און צוריק. מיט אַ מאָל — טראַך! — און ער ליגט שוין אויף דער גאַס. אַ שאָד!

די מענטשן האָבן געשריִען, געזידלט דעם ווינט. עטלעכע האָבן זיך געיאָגט נאָך זייערע היטן, אַנדערע האָבן אויף גיך צוגעמאַכט די פענסטערס.

ס'איז געווען ליהודים!

דער ווינט האָט זיך אָבער אַרומגעזען, אַז אַזאַ נסיעה מיט אַ צו גרויסן עולם איז פאַרבונדן מיט אַ סך מניעות: איינער קען בכלל ניט מיט-פאָרן, אַ צווייטער בלײַבט אין מיטן וועג. האָט ער אַ קלער געטאָן:

— כ'וועל בעסער זיך אַ לאָז טאָן ווײַטער אליין. אָבער וואָס איז פאַר מיר די ענגע גאַס? איך דאַרף ברייטקײַט, פרײַהײַט!

* *
*

הינטער דער שטאָט האָט זיך געצויגן אַן אָפּ-געשניטענער פעלד. אויפן פעלד איז אַרומגעלאָפן אַ חברה יינגלעך, וואָס האָבן געוואָלט אַרויפלאָזן אינ-דערלופטן פאַפּירענע שלאַנגען. די שלאַנגען זײַנען געווען שיינע, גרויסע, מיט לאַנגע פאַרשיידנפאַרביקע ווײדלען. איין זאַך נאָר איז געווען ניט גוט: זיי האָבן ניט געוואָלט פליִען.

דער ווינט האָט גלײַך זיך אַ לאָז געטאָן צו זיי:

— זאָגט נאָר, מײַנע טײַערע,—האָט ער זיך געווענדעט צו די שלאַנגען;—וואָס האָט איר אַזאַ מוראדיקן אויסזען? ס'איז דאָך פּשוט אַ שרעק אַ קוק צו טאָן אויף אײַך. ווי איך זע, איז מיט אײַער פליען עפעס ניט איַנגאַנצן יום-טובדיק. וואַרט נאָר אַ ווײַלע, כ'וועל אײַך אַ ביסל צוהעלפן.

און דער ווינט האָט אונטערגעכאַפּט די שלאַנגען און זיי אַ לאָז געטאָן אין דער הויך.

— אַזוי-וי, אָבער רויק; ציטערט ניט, האַלט די ווידלען נאָר גלײַך! אָט אַזוי, איר זעט מײַנע ליבע? איר פליט דאָך אויסגעצייכנט. איצט פּאָר-זיכטיק: דאָ איז אַ בוים, האָט אין זינען אײַערע עקן!

די פאַרשיידנפאַרביקע פּאַפּירענע שלאַנגען האָבן שוין געשוועבט אין דער לופטן.

די יינגלעך האָבן אַזש געטאַנצט פון שימחה. דער ווינט האָט אָבער ניט געהאַט קיין צײַט דאָ צו בלײַבן.

— איצט, מײַנע טײַערע, ווייסט איר שוין אַליין גאַנץ גוט, ווי מ'דאַרף פליען — האָט ער געזאָגט צו די שלאַנגען און איז אַוועקגעפלויגן ווײַטער.

ער איז געקומען צו אַ וואַלד. די בלעטער

אויף די ביימער זיינען געווען אויסגעצירט אין רויטן, ברוינעם און געלן. דאָס האָט זיי דער הארבסט, קומענדיק אין יענעם וואַלד, אָט די שיינע קאָלירן געבראַכט.

ווי נאָר די בלעטער האָבן דערשפּירט דעם ווינט, האָבן זיי אָנגעהויבן זיך צו בעטן ביי אים:

— ווינטעלע, ליבער ווינטעלע, נעם אונדז שוין אַראָפּ פון די ביימער. וואָס האָבן מיר פון אונדזער שיינקייט, אַז מיר זיצן שטענדיק אין דער הויך? אוי, מיר וואָלטן דאָך שוין אַזוי ווען אַראָפּ־פליען אויף דער ערד, לויפן, טאַנצן און שפּרינגען.

— גוט, — האָט זיך צופרידן אָפּגערופן דער ווינט. ער האָט זיך זייער דערפרייט, וואָס ער האָט זיך באַגעגנט אין וועג מיט אַזוינע קליינע ליבלעכע טענצערקעס.

— פ... פ... פ...—האָט ער אָנגעהויבן צו בלאָזן.
— פ... פ... פ...—האָט ער געמאַכט נאָך שטארקער. און מיט אַ מאָל האָט אויף דער ערד זיך אַ שאָט געטאָן אַ גאַנצער רעגן פון בלעטער.

אויפן וועג האָט זיך גלייך אָנגעהויבן אַ טאַנ־

צערײַ, די בלעטער האָבן אָנגעהויבן זיך צו דרייען ראָד אײַן, ראָד אויס; און דער ווינט, דער זעל-טענער טענצער, האָט זיי מיטגעהאָלפן, צוזינגענ-דיק דערבײַ זיין וווּנדערבאַרן לידל: — הו-הו! הו-הו!..

אָפּגעטאַנצט, האָט זיך דער ווינט אַ לאָז גע-טאָן ווײַטער.

אויף אַ בערגל האָט ער דערזען אַן אַלטע חורבה. דער ווינט האָט זיך דערפרייט;

— מיר זײַנען דאָך עפּעס אַלטע באַקאַנטע!..

באמת זײַנען זיי געווען גוטע באַקאַנטע פון לאַנג. זיי האָבן זיך נאָך געקענט פון אַמאָל, ווען די אַלטע חורבה איז געווען א גרויסער טורעם. איצט איז זי שוין געוואָרן אַלט. אירע ציגל זײַנען אינ-גאנצן צעפאַלן, פון פענסטער און טירן איז שוין קיין זכר ניט געבליבן, דער דאַך איז געווען אָפּ-געריסן, און פון אַלע זײַטן האָבן אַרויסגעקוקט גרוי-סע שווארצע לעכער.

אָבער גראַדע מיט דעם איז דער ווינט געווען זייער צופרידן, ווײַל ער האָט געקענט פרײַ אַרײַן

דורך אַלע זײַטן; אַרומשפּאַצירן, בלאָזן, פּײַפן, ווי־פיל דאָס האַרץ גלוסט.

פרײלעך און שטיפעריש איז אַרומגעלאָפן דער ווינט איבער אַלע ווינקעלעך פון דער חורבה. און די יאַשטשערקעס און שפּינען, וואָס האָבן זיך דאָ צווישן די שטײנער געפונען, האָבן זיך צוגע־הערט צו זײַן פּײַפן.

— זע נאָר! — איז דער ווינט פלוצלונג גע־בליבן שטײן אַ פאַרווונדערטער, — ווי קומסטו אַהער?

דאָס האָט ער זיך אַזוי געווענדעט צו אַ קלײ־נעם שײנעם סכך־בײמעלע, וואָס איז געוואַקסן אויבן אויף די חורבות פון טורעם און האָט אַרויס־געקוקט מיט זײַנע גרינע צווײַגן צווישן די גרויע שטײנער.

— דו דערקענסט מיך ניט? — האָט געפרעגט דער סכך־בײמעלע, — דו האָסט דאָך מיך אַלײן געבראַכט אהער, דאמאָלסט, ווען איך בין נאָר אַ קלײן קערנדל געווען. געדענקסט? איך בין דאַ־מאָלסט אין וואַלד געלעגן. דו האָסט מיך אויפגע־הויבן און אַוועקגעטראָגן אַהער, צווישן אָט־די גרויע שטײנער, איצט בין איך שײן אויסגעוואַקסן, האַ?

— גרויס און שײַן בּיסטו געוואָרן, ליבּער סכך-בּײמעלע! כ'וואָלט דיך גאָרנישט דערקענט, — האָט געענטפערט דער ווינט. — ער האָט זיך זײער געפרײט מיט דער אומגעריכטער באַגעגעניש. — א שאָד נאָר, וואָס איך קען דיך ניט מיטנעמען מיט זיך אויף דער רײַזע. כ'וועל אָבער אָפט קומען צו דיר צו גאַסט, קלײנער סכך-בּײמעלע! איצט אײַל איך, איך מוז פאָרן ווײַטער. אַ גוטן טאָג!

---

אַרום דער חורבה, אין בלישטשנדיקן האַרבּ-סטיקן זונענשײַן האָבּן זיך אין דער קלאָרער לופט אַרומגעטראָגן דינע לאַנגע שפּינפעדעם.

— ווען איך וואָלט געהאַט טויזנט אַזעלכע פעדעם, וואָלט איך גלײַך געהײסן מאַכן פון זײ אַ דינעם שלײער און וואָלט אים אַוועקגעטראָגן צום קלײנעם גרינעם סכך-בּײמעלע, -- האָט דער ווינט אַ טראַכט געטאָן.

נאָר דער ווינט האָט פײַנט צו טראַכטן לאַנג וועגן אײן און דערזעלבּער זאַך. ער האָט זיך פאַר-געסן וועגן סכך-בּײמעלע און איז געפלויגן ווײַטער, בּאַרג אַראָפּ, צום טאָל.

דאָרטן האָט ער אויף אַ ברוינעם קאַרטאָפּל־פעלד דערזען אַ פרייליכן פערדל.

— הו־הו! — האָט מיט צופרידנקייט געפייפט דער ווינט, — דאָרטן בראָט מען קאַרטאָפּל. אַי, ווי גוט עס שמעקט. מ׳דארף אַהינצו אַ שפּאַציר טאָן!

און ער האָט אזאַ בלאָז געטאָן אויפן פייער, אַז די מענטשן, וואָס זיינען דאָרטן געשטאנען, האָבן געמוזט אָפּשפּרינגען אָן אַ זייט. ביי איינעם האָט דער פייער שיר־שיר ניט אָנגעכאַפּט דעם בגד.

— אוי, סאַראַ שלעכטער ווינט! — האָט דער מענטש אַ געשריי געטאָן.

דעם ווינט איז נאָך פרייליכער געוואָרן. ער האָט אַ בלאָז געטאָן דעם רויך די מענטשן גלייך אין פּנים און אין מויל אַריין. זיי האָבן אָנגעהויבן צו הוסטן און אים זידלען. האָט ער גלייך געמאַכט פּליטה, מיטנעמענדיק מיט זיך אַ ביסעלע שמעקעדיקע לופט פון די קאַרטאָפּל.

— דאָס וועל איך אַוועקטראָגן אין דאָרף, — האָט געטראכט דער ווינט. — זאָל כאָטש ביי יענע מענטשן, וואָס געפינען זיך דאָרטן, לויפן אַ ביסל די סמייע פון מויל!

אָ! דער ווינט איז געווען נישקשה פון אַ קונדס.

---

מיט אַ פײַף, פריש און פרײַלעך איז דער ווינט אין דאָרף אַראָפּגעקומען. אַלץ האָט דאָרט מיט אַמאָל אָפּגעלעבט און זיך אָנגעשטעקט מיט זײַן פרײַלעכקײַט.

— ברוך הבא! — האָט אויסגעשריען די נאָזיטיכל, וואָס האָט זיך געטריקנט אויפן פּאַרקאַן, און דערבײַ האָט זי מיט אַלע כוחות געווינקט און געפּאָכעט אַנטקעגן דעם ווינט.

— ברוך הבא! — האָט אויסגערופן די פּאָן אויפן דאך און האָט אָנגעהויבן צו פלאַטערן — ברוך הבא! דער ווינט איז דאָ!

און די בלומען און די ביימער האָבן זיך גענויגט און געגריסט, און די ווינטהאַרפע דאָרטן אויבן אויפן דאַך פון גאָרטן-שטיבל האָט זיך אויך יגט פאַרן ווינט און האָט אָנגעהויבן צו זינגען

אויבן אויפן טורעם האָט זיך אויך עמיצער גענויגט און געבוקט. דאָס איז געווען דער ווינט-ווייזער. ער, דער ווינט-ווייזער, האָט זײער שטאַרק

געהאלטן פון זיך, ווײַל ער פלעגט אָנזאָגן די מענטשן, פון וואַנען עס קומט דער ווינט: צי פון מערב, צי פון מיזרח, פון צפון, צי פון דרום. איצט האָט ער אָנגעהויבן צו מורמלען:

— דער ווינט טויג ניט, ער ברענגט מיט זיך טריקעניש, שטויב און פאַרקילעכטס!

אַ מאָדנער ווינט-ווײַזער! קיינמאָל איז ער ניט געווען צופרידן: איז דער ווינט געקומען פון צפון, פלעגט ער בורטשען אויף דער קעלט; איז ער געקומען פון דרום, פלעגט אים זײַן צו וואַרעם.

דער ווינט וואָלט אפשר פאַרבליבן אויפן דאַך זיך דורכצושמועסן מיטן ווינט-ווײַזער. נאָר פלוצלונג האָט מען אויפן טורעם אָנגעהויבן צו קלינגען. עס איז געווען פאַרנאַכט-צײַט. האָט דער ווינט זיך אויף גיך צוזעגנט מיטן ווינט-ווײַזער און איז אַוועקגעלאָפן ווײַטער.

די גלאָקן-קלאַנגען האָט ער אָבער מיטגענומען מיט זיך, ווײַל זיי זײַנען אים זייער געפעלן געוואָרן. אַ ביסל קלאַנגען זײַנען פֿאַרלאָרן געגאַנגען אין וועג, א טייל אָבער האָט ער דאָך באַהאַלטן.

— איך וועל דאָס אַוועקטראָגן דעם אַלטן

פאַסטוך, וואָס פאַשעט אויפן פעלד זײַנע שעפּסע-
לעך, — האָט ער געקלערט.

און ער האָט זיך אַ לאָז געטאָן איבערן רויט-
ברוינעם פעלד צום פאַסטוך.

דער פאַסטוך האָט זיך צוגעהערט צום קלאַנג
און געזאָגט:

— נו, שעפּסעלעך מײַנע, שוין צײַט אַהײם
צו גיין.

— די שעפּסעלעך זײַנען געווען צעוואָרפן
איבערן ברייטן פעלד. זיי האָבן געשפּרונגען, גע-
צופּט גראָז, געמעקעט: מע-מע-מע... און געווען זייער
צופרידן מיט זייער לעבן.

— סאַראַ ליבע נפשות, — האָט געזאָגט דער
ווינט און אַ בלאָז געטאָן איבער זייער ווייכער וואָ-
לענער פעל.— .זיי זײַנען כמעט אַזוי שיין, ווי מײַנ
קליינע ווײַסע וואָלקן-שעפּסעלעך אויפן הימל...

דאָ האָט זיך דער ווינט דערמאָנט, אַז אים
שטייט נאָך הײַנט פאָר אַ לאַנגע נסיעה, האָט ער
זיך ליבלעך צוזעגנט מיט די שעפּסעלעך און זיך
געלאָזט ווײַטער.

---

דער וועג איז איצט געגאַנגען איבער אַ ווײַ־
טע פלאַכע סטעפּ. ארום און ארום איז ניט געווען צו
זען ניט קיין בוים, ניט קיין הויז, ניט קיין מענטש.

פלוצלונג האָט דער ווינט באמערקט, ווי
עמיצער שטייט אויפן בערגל מיט אויסגעשטרעק־
טע הענט.

— אהא, דאָס איז דאָך מײַן אלטע באַקאנטע,
די ווינטמיל! — האָט זיך דערפרייט דער ווינט און
זיך אַ לאָז געטאָן צום בערגל.

— וואָס, מומעשי, אפשר גייען מיר אַ טענצל?

בײַ די דאָזיקע ווערטער האָט ער אָנגעכאַפּט
די פליגלען פון דער ווינטמיל און זיי אָנגעהויבן צו
דרייען אַרום און אַרום אַזוי שטארק, אַז בײַ דער
אַלטער מיל האָט אַזש פארכאַפּט דער אָטעם, און
זי האָט אָנגעהויבן צו קרעכצן און סקריפּען.

— נו, אויף הײַנט וועט שוין זײַן גענוג פאַר
איר, — האָט א קלער געטאָן דער ווינט און איז
אַוועקגעפלויגן ווײַטער.

די אַלטע מיל האָט נאָך אלץ געקרעכצט; דער
מילנער אָבער איז געווען זייער צופרידן: בשעת

דער ווינט האָט געדרייט די פליגלען פון דער מיל, האָבן די מילשטיינער דערוויל צעמאָלן די קאָרן.

* *
*

דאָס לאַנד, איבער וועלכן דער ווינט האָט איצט אַרומגעשפּאַצירט, איז נאָך אַלץ געווען פלאַך, איינזאַם און ליידיק. ס׳האָט זיך געזען נאָר זאמד און גראָז, גראָז און זאמד. ערטערווייז נאָר האָט זיך געזילבערט אַ קליין אָדער גרויס טייכל. די טייכלעך זיינען אָבער געלעגן אזוי שטיל, ווי זיי וואָלטן געשלאָפן.

— וואָס עפּעס שלאָפן זיי אין מיטן העלן טאָג? — האָט געקלערט דער ווינט,—מיסתמא, איז זיי דאָ זייער אומעטיק.

און ער האָט אַ בלאָז געטאָן גלייך אויף די וואַסערלעך. די וואַסערלעך האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַוועגן, זיך קאַרבן און האָבן זיך באַדעקט מיט קליינע כוואַליעס.

— איז נאָך עפּעס ווייט צום ים? — האָט זיי געפרעגט דער ווינט.

— אָ, ניין, גאָרניט ווייט, — האָבן זיי געענט-

פערט, — צי הערסטו דען ניט זײַן רוישן?

און באמת, פון דערווייטן האָט זיך געלאָזט הערן עפּעס אַ משונהדיקער ברויזן.

דאָס איז געווען דער ים. און ווי נאָר דער ווינט האָט דאס דערהערט, — אָי, האָט ער דאָס אַ פלי געטאָן: ער האָט געוואָלט נאָך היינט זיין ביי אים.

— הו-הו! — האָט ער געפּײַפט און געפלויגן.

און אָט איז ער שוין געקומען צו אים, צום גרויסן-גרויסן בלויען ווײַטן ים.

דאָ אויפן ים זײַנען די כוואַליעס געווען גאָר, גאָר אַנדערע, ווי יענע קלײנע כוואַלעכלעך אויף די קלײנע טײַכלעך. סאַרא שײנע שום-קרוינען זיי האָבן געהאַט און ווי שײן זיי האָבן זיך געשפּילט און געקויקלט אײנע איבער דער אַנדערער!

און אַז דער ווינט איז צוגעקומען און האָט אָנגעהויבן צו פּײַפן און זיך שפּילן מיט זיי, — האָט זיך אויפגעהויבן אויפן ים אַזאַ טאַנצערײַ, אַזאַ שפּרינגערײַ, אַז די מענטשן, וואָס זײַנען געפאָרן אויף די שיפן, האָבן זיך איבערגעשראָקן.

די זעגלשיפלעך האָבן זיך מיטן ווינט זייער דערפרייט.

— ענדלעך ביסטו געקומען צו אונז! — האָבן זיי צו אים געזאָגט, — דעם גאַנצן נאָכמיטאָג שטייען מיר און קענען זיך פון אָרט ניט רירן. זייַ אַזוי גוט, ווינט, העלף אונז צו אַ ביסעלע.

— מיטן גרעסטן כבוד, מייַנע ליבע פרייַנד, — האָט זיך אָפגערופן דער ווינט.

ער האָט אַ בלאָז געטאָן אויף די זעגלען, און זיי האָבן זיך גלייַך אָנגעבלאָזן און קייַלעכדיק געוואָרן.

— גענוג שוין, גענוג שוין, בלאָז ניט אַזוי שטארק, מיר קענען דאָך נאָך פּלאַצן! — האָבן זיי אָנגעהויבן זיך צו בעטן.

— ס'איז גאָרניט, מייַנע פרייַנד, שרעקט זיך ניט, — האָט ער זיי געענטפערט און האָט נאָך שטאַרקער גענומען בלאָזן.

די זעגלען האָבן טאקע ניט געפּלאַצט, און די שיפלעך האָבן פלינק און לייַכט ארומגעשווומען אויפן וואַסער.

ס'איז באמת געווען זייער אַ שיין בילד.

— דו דאַרפסט זיך ניט כעסענען אויף אונדז, וואָס מיר האָבן זיך געשראָקן, — האָט געזאָגט צום ווינט איין זעגלשיפל, — א גרויסע שיף, וועלכע האָט זיך היינט אומגעקערט פון אַמעריקע, האָט אונדז דער־ציילט וועגן דיר זייער שרעקלעכע זאַכן.

— וועגן מיר? — האָט זיך שטאַרק פאַרוווּנ־דערט דער ווינט.

— יע, וועגן דיר. ער האָט געזאָגט, אז דו האָסט דערטרונקען אין ים אַ שיף. פריער האָסטו צעבראָכן אַלע מאסטבוימער, דערנאָך האָסטו דעם שיף מיט אַלע מענטשן, וואָס זיינען אויף אים געווען, ארויפגעשליידערט אויף אַ פעלז.

— ווי שרעקלעך דאָס איז! — האָט געזאָגט דער ווינט, — אָבער ניט איך האָב דאָס געטאָן, נאָר מיין עלטערער ברודער, דער שטורעם. ער האָט דאָס געטאָן.

———

אייגנטלעך איז שוין דעם ווינטס רייזע געווען איצט געענדיקט.

ער האָט געוואָלט קומען צום ים און האָט זיין ציל דערגרייכט.

דאָ אויפן ים האָט ער פאַרבראַכט דעם גאַנצן פאַרנאַכט.

אָט איז שוין געקומען דער אָוונט. די זון איז שוין פון לאַנג אונטערגעגאַנגען. די זעגלשיפלעך זײַנען שוין אַוועקגעשוואומען, די ווייסע וואַסער־פײַגעלעך, וואָס האָבן זיך אַרומגעטראָגן דעם גאַנצן טאָג איבערן ים, זײַנען שוין אויך אַוועקגעפלויגן. זיי זײַנען שוין איצט אין זייערע נעסטן, וואָס געפינען זיך אויף די פעלזן.

און דער ווינט? ווו־זשע קען ער זיך לייגן שלאָפן? ער איז דאָך געווען אַזוי פאַרמאַטערט פון דער לאַנגער־לאַנגער רײַזע! ער האָט געוואָלט זיך אויסזוכן אַ באַקוועמן וואַרעמן ווינקעלע.

ס׳איז שוין געווען זייער פינסטער. ווײַט אויפן ברעג האָט ער דערזען אַ בלאַסן פייערל.

דאָס האָט געברענט אַ פײַערל אין פישערס הײַזל, וואָס איז געשטאַנען אויפן ברעג פון ים.

י פײַערלעך האָבן פרײַנדלעך אַרויסגעקוקט פון די פענסטערס אין דער פינסטערניש אַרײַן.

— ווי גוט ס׳וואָלט געווען, ווען איך וואָלט געקענט זיך איצט אהין אַריינקלייבן, — האָט געטראַכט דער ווינט, — אָבער ווי מאַכט מען דאָס? האָט ער זיך דורך דער פינסטערניש אַהין

אוועקגעלאָזן און געקומען צום פישער-הײזל.

ער האָט פּרובירט אַרײַנגײן דורך די פענסטער, אָבער זײ זײַנען געווען צו פעסט פאַרמאַכט. האָט ער זיך אַ ביסל אַ גראַבל געטאָן בײַ דער טיר — אויך אומזיסט.

דער ווינט איז אָבער אַ כוואַט. האָט ער זיך אַרויפגעכאַפּט אויפן דאַך, זיך אַ גנבע געטאָן דורכן קוימען און אַרײַן אין אויוון.

ווי נאָר דער ווינט איז אַהין אַרײַנגעקומען, האָט דער פײַער אין אויוון גלײַך אויפגעפלאַמט און פאַרשפּרײט איבערן שטוב זײַן רויט-גאָלדע-נעם שײַן.

אינעווייניק אין שטוב איז געווען וואַרעם. אין מיטן צימער איז געשטאַנען אַ וויג, אין וועלכער ס'איז געלעגן אַ קינד מיט רויטע בעקלעך. דאָס קינד האָט געשריען און ניט געוואָלט אײַנשלאָפן. איז די מאַמע צוגעגאַנגען צו דער וויגעלע, זיך אַוועקגעזעצט לעם איר און אָנגעהויבן צו וויגן דאָס קינד און זינגען אַ לידעלע:

שלאָף שוין, שלאָף, מײַן טײַער קינד
הער, עס ווײט דער אָוונט-ווינט.

וויגט די ביימער אָן א שיעור,
און פון ווינטלס צאַרטן ריר
פאַלן טרוימען גאָלד-געשפּינס;
שימערט עס מיט ליכט און גרינס...
כ'ברענג אַ טרוים דיר באַלד אַריַין.
שלאָף נאָר איַין, מיַין קינד, שלאָף איַין!

— הו—ו! — האָט צופרידן א הויך געטאָן דער ווינט, — אָט דאָ וואָלט איך געהאַט אַ גוטן נאַכטלעגער. קיין בעסערן קען איך זיך גאָרניט ווינטשן.

אינדעם האָט זיך געעפנט די טיר, און ס'איז אריין אין שטוב דעם קינדס טאטע, דער פישער. ער איז צוגעגאנגען צו דער וויגעלע, זיך איבער-געבויגן איבער זיַין קינד און אים אַ קוש געטאָן אין די רויטע בעקעלעך.

ס'איז געוואָרן שפּעט. דער פישער און זיַין וויַיב האָבן זיך געלייגט שלאָפן. דאָס קינד איז שוין אויך פון לאַנג איַינגעשלאָפן, און אין שטוב איז געוואָרן שטיל.

דער ווינט האָט זיך באַהאַלטן אין ווינקל פון אויוועלע און געבליבן דאָרטן ליגן שטיל, ווי אַ קעצעלע.

אײַנשלאָפן האָט ער אָבער ניט געקענט, ער האָט אַלץ געטראַכט װעגן דעם לידעלע מיט די גאָלדענע טרוימען.

— צי איז אמת די מעשה?

דער געדאַנק װעגן דעם האָט אים ניט גע-לאָזט רוען. ניין, ער מוז מיט די אײגענע אויגן זען די גאָלדענע טרוימען.

שטיל האָט ער זיך דורכגעגנבעט דורכן קוימען גלײַך אין גאָרטן אַרײַן.

— אָט אויף דעם ביימעלע װעל איך אויס-פּרוּװן צי ס'איז אמת, װאָס די מאמע האָט געזונגען.

ער האָט שטיל אַ טרײסל געטאָן דעם ביימע-לע. אַ פּאָר געלע בלעטער זײַנען אַראָפּגעפאַלן אויף דער ערד. האָט ער נאָך אַ מאָל אַ שאָקל געטאָן שוין פעסט. דערנאָך אַ דריטן מאָל, גאָר שטאַרק. פון בוים האָבן זיך אַ שאָט געטאָן אַ סך, אַ סך בלעטער. יאָ, ניט מער װי בלעטער. אָבער װוּ זײַ-נען די גאָלדענע חלומות? װוּ-זשע האָבן זיי זיך באַהאלטן?

דער װינט האָט גוט באַטראַכט דעם ביימעלע. װאָס-זשע האָט ער דערזען? — צוּ די צװײַגן פון

ביימעלע, דאָרט, ווו עס זײַנען פריער די בלעטער געהאַנגען, האָבן זיך צוגעטוליעט אַ סך גאָר קליי־נינקע קנאָספּעלעך.

אפשר ליגן די טרוימען, די גאָלדענע פרי־לינג־טרוימען, אין אָט־די קנאָספּעלעך באַהאַלטן?
ס׳ווייַזט אויס אַז יאָ, אַזוי מוז דאָס טאַקע זײַ

דער ווינט האָט אַזוי געטראַכט. אָבער וואַרטן, ביז די קנאָספּעס וועלן זיך עפענען, האָט ער ניט געקענט. האָט ער זיך שטיל צוריק אַרייַנגעגנבעט דורכן קוימען אין וואַרעמן אויוון אַרײַן.

אין אַ ווײַלע אַרום איז ער שוין געשלאָפן.

